# קאנסטיטוציאן

דער

# סאטאנאווער בענעוואלענט סאסייעטי



געגרינדעט דען 3טען אקטאבער 1903




דיעזע געזעטצע איזט אנגענאמען

דען 9טען דעצעמבער 1911

ניו יארק

אונזער מאָטטאָ!

| | |
|---|---|
| ואהבת | איש |
| לרעך | את אחיו |
| כמוך | יעזורו |

געשריבען אונד בעארבייט פאן **בנימין ליפצין.**

דרוק פאן יוסף כץ, 319 איסט 8טע סטריט, נ. י.

טעלעפאן 5749 ארטשארד

CONSTITUTION OF

# Satanover Benevolent Society

Organized October 3, 1903

Constitution Adopted December 9, 1911






**Written by Benjamin Liptzin**

May, 1912 New York

**Printed by J. Katz, 319 E. 8th Street N. Y.**

Tel. 5749 Orchard

# אינהאלטס פערצייכניסס.

# בעהרטע מעמבערס

פאלגענדע מעמבערס זינד בעהרט געווארען פאן דיעזער סאסייעטי:

ברודער סעם באַסס מיט אַ מעדאַל

ברודער בנימין ליפצין מיט אַ מעדאַל

ברודער אברהם שפילקע מיט אַ מעדאַל

פאלגענדע ברודער זינד בעהרט געווארען. וויערע נאמען איזט אויפגעשריעבען אויף דער עהרען ליסטע:

בנימין ליפצין

איזידאר וויינטרויב

אברהם שפילקע

אשר בערמאן

דוד פערילמאן

הערדי קערבער

# מעמבער ליסטע

| | |
|---|---|
| בנימין ליפצין | דוד שולמאן |
| סעם באסס | דוד פערילמאן |
| אברהם שפילקע | דזשייק מינץ |
| לואיס סאגאן | העררי מינץ |
| איזידאר וויינטרויב | ב. מאניאוויטש |
| שבתי פריעדמאן | סעם בלום |
| מאַקס טעסלער | דוד בלום |
| העררי גערבער | אליהו רייך |
| אשר בערמאן | היימאן רייך |
| ג. גייער | שמואל פריעדמאן |
| לואיס סירקע | העררי באסס |
| אהרן קאהן | העררי ליטטמאן |
| יוסף בוכמאן | העררי שלייען |
| טשארלס קאהן | דזשארדזש סאגאן |
| מאררים בוכמאן | פיליפ גלאנץ |
| דזשייק גראססמאן | דוד בראדי |
| איזידאר ליפצין | אברהם בריל |
| יחזקאל פראנקפעלד | ברוך מיימאן |
| מאקס שעבאוויטץ | יונה קאפלאן |
| בעריל נעמאייזער | אייזיק קאפלאן |
| מאיר נעמאייזער | שלמה מארדער |
| היימאן נעמאַייזער | זלמן לערנער |
| איזידאר טעסלער | לואיס גראסס |
| דוד טאהב | מאררים קאטליאר |
| דזשייק טשעסלער | דזשייק רויז |
| סעם ווייבמאן | מאקס גאלדשטיין |
| מאקס גערמאנסקע | דאקטער טהעאדער דיקס |
| מאררים גראססמאן | אייבראהם דיימאנד |
| דזשאזעף דיימאנד | העררי וועקסלער |

וואלף שולמאן

# בעאמטע ליסטע

| | |
|---|---|
| בנימין ליפּצין | פּרעזידענט |
| דזשאזעף דיימאַנד | וויס פּרעזידענט |
| אברהם שפּילקע | פינאנס סעקרעטער |
| וואלף שולמאן | רעקארד סעקרעטער |
| היימאן נעמאייזער | טרעזשורער |
| לואיס סאגאן | קאנטראלער |
| הערי גערבער | 1טער טראסטיע |
| אשר בערמאן | 2טער טראסטיע |
| יחזקאל פראנקפעלד | 3טער טראסטיע |
| איזידאר ליפּצין<br>סעם בלום | **פיהרערס** |
| מאררים גראססמאן | אינגער וואכע |
| דוד פּערילמאן | באס או סעמעטערי |
| דזשייק מינין<br>אליהו רייך | **אסיסטענטס** |
| טהעאדער דיקס | דאקטער |

# גרינדער ליסטע



פאָלגענדע ברודער זענען דיע גרינדערס פאן דער סאסייעטי:

| | |
|---|---|
| בנימין ליפצין | שבתי פריעדמאן |
| כעם באסס | מאקס טעסלער |
| אברהם שפילקע | לואיס גראסס |
| יחזקאל פראנקפעלד | אליהו רייך |
| אשר בערמאן | יוסף בוכמאן |



# טאגעס אָרדענונג:

1. ערעפענונג דיע מיטונג
2. פארלעזונג דער בעאמטען ליסטע
3. פארלעזונג דער אללער קאמיטעען ליסטע
4. פארלעזונג דעם פראטאקאל
5. איינפיהרונג פאן נייע קאנדידאטען
6. נאכפראגען: וועגען קראנקע אונד נויטלײדענדע
7. בעריכט פאן קראנקע
8. געוועהנליכע קאמיטע בעריכטען
9. פינאנס בעריכט
10. צושריפטען
11. פארשלאגען פאן נייע קאנדידאטען
12. דורכפיהרונג דער באלאט
13. אונערלעדיגטע־ביזנעס
14. רעצעס צום איינצאהלונג
15. וואהל אונד אם בעסטען דער סאסייעטי
16. נאמינײשאן אונד וואהל (אם וואהל אבענד)
17. שטרייכליסטע פארלעזונג (אם שטרייכאבענד)
18. איננאַמע אונד אויסגאַבע
19. שלוסס דער מיטונג

# „קאנסטיטוציאן אונד געזעטצע“

## ארטיקעל 1.

נאממען, שפראכע אונד צוועק.

§ 1. דיעזע סאסייעטי פיהרט דעם נאממען: „סאטאנאווער בענעוואלענט סאַ־סייעטי“. דיעזער נאממען מוסס איממער אונד וועהרענד אינדיפענדענט בלייבען, אונד ניכט געענ־דערט ווערען: זאלאנג זיעבען גוטשטעהענדע מעמ־בערס דעם נאממען אויפהאלטען וואללען.

§ 2. אללע ביכער אונד פערהאנדלונגען דיעזער סאסייעטי זאללען אין יודישער דייטשע (זשארגאן) שפראכע געפיהרט ווערען. אויסער דער מעמבער אד־רעס אונד רעסיט בוך וועלכע קעננען אויך אין ענגליש געפיהרט ווערען.

§ 3. דער צוועק דיעזער סאסייעטי איזט: אלגעמיינע אונטערשטיטצונג.- אונד לייכענבעערדיגונג פיר דיע מעמבערס אונד זייערע פאמיליען (פרויען אונד קינדער). קראנקענבענעפיט. ווען עס איזט האפפען בענעפיט.

§ 4. דיע סאסייעטי איזט פריי פאן אללע רעליגיעזע טעקסעס.

## ארטיקעל 2.

רעגעלמעסיגע פערזאמלונגען

§ 1. דיע רעגעלמעסיגע פערזאמלונגען דיעזער סא-סייעטי זאללען אבגעהאלטען ווערען אן יעדען ערשטען אונד דריטטען זאנטאג אין מאנאט 8 אוהר אבענד שארפ. יעדאך קעננען דיע מיטינגען נאך בעשלוסס דער סאסייעטי געענדערט ווערען.

§ 2. ספעשעל מיטונגען קעננען איינבערופען ווערען:

a) דורך בעשלוססע דעם פעראיינס.

b) דורך דעם פרעזידענט.

c) דורך זיעבען גוטשטעהענדע מעמבערס וועלכע שריפטליך דעם פרעזידענט אויפפאָדערען אונד מוס-סען געניגענדע גרונדע דאריבער איינגעגעבען ווערען אונד זיי מוססען ביי דער ספעשעל מיטונג אנוועזענד זיין. איגפאלס דער פרעזידענט געפינט ניט פיר גענוג וויכטיג דיע אורזאכע וועלכע דיע זיעבען גוטשטעהענ-דע מעמבערס גיבען אן זאללען זיי זיך ווענדען צום פינאנס סעקרעטער אויף זייער פעראנטווארטליכקייט צוא פאדערען דיע ספעציאל מיטונג צוזאממען צוארו-פען אין רעגעלמעסיגע פערזאמלונגען בילדען 7 מיט-גליעדער זאמט דיע בעאמטע איין קווארום אונד זינד בערעכטיגט אללע ביזנעס געזעטצליך צו פערהאנדלען.

אין דזשענעראל אדער ספעשעל מיטונגען: 15 מיט-
גליעדער מיט איינשלוסס פאן 5 בעאמטע בילדען איין
קווארום. אין דזשענעראל מיטונגען קען מען אללע
ביזנעס דורכפיהרען זאגאר זאלכע וועלכע זינד געגען
דער געזעטצע אונד מען ברויכט קיינע צווייא דריטטעל
מאַיאָריטעט, וועלכע מען ברויכט ביי אַ רעגעלע מיטונג.

§ 3. דיע לעצטע מיטונגען אין מאנאט מערץ, יוני,
סעפטעמבער, אונד דעצעמבער זאלען אלס דזשענעראל
מיטונג בעטראכט ווערען צוא וועלכער אללע סאסייעטי
מעמבערס שריפטליך איינגעלאדען ווערען מוססען.

## ארטיקעל 3.

### קווארום

7 מעמבערס בילדען איין קווארום אונד בערעכטיגט
אללע געזעטצליכע ביזנעס צוא פערהאנדלען.

## ארטיקעל 4.

### נאמינייישאן אונד וואהל דער בעאמטען

§ 1. בעאמטע דיעזער סאסייעטי בעשטעהן פאן:

1. 1 פרעזידענט
2. 1 וויס פרעזידענט
3. 1 טרעזשורער (קאסירער)
4. 1 פראטאקאל סעקרעטער
5. 1 פינאנס סעקרעטער
6. 1 קאנטראלער
7. 1 אינער וואכע

8. 3 טראסטייעס
9. 1 באס און סעמעטערי (סעמעטערי פערוואלטער)
10. 2 אסיסטענטס " " "
11. 2 פיהרערס

§ 2. דיע נאמיניישאן דער בעאמטען פינדען אין דיע לעצטען צוויי רעגולערען פערזאמלונגען בעפאר דער וואהל דיעזער בעאמטען מיט אויסנאהמע דיע פיהרער ווערען אויף ½ יאהר ערוועהלט דיע פיהרער ווערען פאן פרעזידענט ערנענט.

§ 3. אין דיע דזשענעראל מיטונגען פאן מאנאט יוני אונד דעצעמבער פאן יעדען יאהר זאל דיע וואהל דער בעאמטען שטאטפינדען. דיע אינסטאלירונג דער ערוועהלטען בעאמטען ערפאלגט אין דיע ערשטע מי-טונגען פאן מאנאט יולי אונד יאנואר.

§ 4. מעמבערס קענען פיר קיין אמט ניכט נאמי-נירט ווערען, וועלכע ביי דער נאמיניישאן ניכט אנ-וועזענד, אדער וועניגע אלס 6 מאנאט מעמבערס דיע-זער סאסייעטי זינד, מיט דער אויסנאהמע פאן סעק-רעטער. זיי מיססען אויך גוטשטעהענד זיין אין דיע ביכער. אונד דאמאלס אונטער קיין קלאגע שטעהען. עס קען אויך ניכט נאמינירט אונד ערוועהלט ווערדען איין מעמבער אלס בעאמטער וועלכער ניכט לעזען אונד שרייבען קאָן. קיין קלאגע קען אבער אין וואהל-אבענד ניכט איינגענאממען ווערדען.

§ 5  איין גוזעטצליכער נאמינירטער מעמבער מוסס אין וואהל-אבענד אנוועזענד זיין. זאנסט קען ער ניכט ערוועהלט ווערען. מיט אוסנאממע ווען זאלכע איינע שריפטליכע ערקלעהרונג איינשיקקען צום מיטונג דאס זיי אקצעפטירען דיע עמטע אינפאלס זיי ווערדען ער-וועהלט. קיין מעמבער קען קיינע 2 עמטע מיט איינ-מאהל בעגלייטען.

§ 6.  אללע בעאמטע ווירדען דורך שטימצעטעל ערוועהלט, איינע אבסאלוטע מאדזשאריטי איזט ערפארדערליך אום איינען קאנדידאט צוא ערוועהלען.

§ 7.  ווען נור איין קאנדידאט אם פעלדע איזט פיר ירגענד וועלכע אמט, ווירד ער נור דאן אלס אויסער-וועהלט בעטראכט ווען ניעמאנד דאגעגען איזט, ווען אבער איין שטיממע דאגעגען איזט זאל פיר דעם זעלבען מיט שטימצעטעל אבגעשטימט ווערדען אונד איין מאדזשאריטי מיט זיין נאממען איזט נאטהווענ-דיג אום איהם צוא ערוועהלען.

§ 8.  דער פרעזידענט ערוועהלט איין קאמיטע אוס 3 מעמבערס דיע פיר קיין אמט לויפען פיר דיעזען טערמין, אום דיע שטימצעטעל איבערוואכען זאללען. אללע מעמבערס ווערדען פאן פינאנס סעקרעטער נאמענדליך פארגערופען. אום זייערע שטיממע אין באלאט באקס אריינלעגען דאנן זאללען אללע שטימ-צעטעל נאכמאלס געצעהלט ווירדען. איינער פאן דער

קאמיטע עפענט דאס שטימצעטעל דער צווייטער פאר-
לעזט דעם נאממען, דער דריטטער האט דיא צעטטעל
צוא בעוואהרען דאַנן פערקונדיגט דער פרעזידענט
דעם רעזולטאט דעם ערוועהלטען.

§ 9. ווען שטימגלייכהייט איזט, זא זאל איין נייע
וואהל זיין. אדער דורך גורל ערקלעהרט ווערען. אונד
זאלאנג דיע וואהל ניכט געענדיגט איזט, טאָר קיין
מעמבער זיין פלאַטץ פערלאססען. אויסער ווען ער זיין
שטימצעטטעל אין באלאט-באקס אבגעליפערט. אונד
יעדער אגיטאציאן איזט אם וואהל אבענד פערבאטטען.

§ 10. איין קאנדידאט פיר פרעזידענט מוסס בעפאר
6 מאנאט איין אמט האבען זאנסט קען ער אלס פרע-
זידענט ניכט ערוועהלט ווערען.

§ 11. דיע וואהלען געשעהן מיטטעלסט שטימצעטטעל
אויס ריינעם וויסען פאפיער אונד ענטשיידעט דיע
מאַיאריטעט.

§ 12. איין קאנדידאט וועלכער האט געקראגען איין
מינאריטעט ביא לויפען פיר איין אמט האט דאס רעכט
דיעם זעלבען וואהל-אבענד צוא לויפען פיר א צווייטער
אמט.

§ 13. לעצטע נאמיניישאן אונד וואהל זאל געפיהרט
ווערען איינצאהל. פיר יעדער אמט בעזאנדער.

## ארטיקעל 5.

פפליכטען אונד רעכטע דער בעאמטען.

§ 1. דער פרעזידענט ברויכט בייא יעדער מיטונג דער פארזיטצענדער זיין. דיע רוהע אונד ארדענונג אויפרעכט ערהאלטען. דאריבער וואַכען דאס דיע גע-זעטצע אונד פעראָרדענונג דער סאסייעטי פינקטליך בעפאלגט אונד אויסגעאיבט ווערען, אונד דאס אללע בעאמטע אונד קאמיטען טרייא איהרען פפליכטען יעדער צייט ערפיללען.

§ 2. ער איזט אויך עקס אפיציעל מעמבער פאן אַללע קאמיטען.

§ 3. ער ערנעהנט צווייא דריטטעל פאן יעדער קאמיטע.

§ 4. ער בעזעטצט טעמפעראר דיע אללע אבוועזענ-דע פלעטצער דער בעאמטען.

§ 5. אינטערצייכענט אללע אַנווייזונגען צום טרעזשור זייא ווא אויך אללע אנדערע דאקוממענטען.

§ 6. איבערוואכט דיע אבשטיממונגען, וואהלען, באַ-לאַטאַזשען, אונד בעריכטעט דעם רעזולטאט.

§ 7. ער האלט אַללע דאקוממענטען אונד באַנק-ביכער דער סאסייעטי אין זיינער בעוואַהרונג.

§ 8. ער זאל דעם פרייבריעף (טשארטער) דער סא-סייעטי בעוואַהרען אונד רענזעלבען אין יעדער מיטונג גענענוואַרטיג האַבען.

§ 9. ער דארף קיין אנטהייל נעממען אין קיין דע-באַטע זאלאַנג ער דען פּארזיטץ פּיהרט. ער איזט אבּער פּערפּפליכטעט אוממער איינע געזעטץ ערקלעהרונג דער בּרודער צוא געבּען.

§ 10. ער האט דאס רעכט אין יעדער צייט אללע בּי-כער דער כאסייעטי פראטאקאל בּוך זא וואו אללע אנדע-רע בּיכער צו קאנטראלירען אונד קאנטראלירען לאַססען.

§ 11. ער האט פּוללע רעכט צוא ספּענדען בּיז $5 בּייא איין נויט אדער אונגליקספּאַלל ווען עס איזט ניטא דיע מעגליכקייט צוא פּאררופען א ספּעשעל מיטונג.

§ 12. איינעם קראנקען בּרודער איינמאַהל וועכענט-ליך צוא בּעזוכען.

13. זיינע נאכפּאלגער אללע דאקומענטען ווערטה זאכען אַלס אייגענטהום דער סאסייעטי אין דער בּעס-טער ארדענונג צוא איבּערגעבּען.

14. אין אינסטאללישאן אבענד פאן דיע נייע בּע-אמטע איז עס דיע פּפליכט דעם פּרעזידענטען דעם נייעם פּרעזידענט אין זיינעם אַמט צוא אינסטאלירען, נאכהער איבּערגיבּטע איהם דעם האַממער-זאַמט טשער אונד דער נייער פּרעזידענט נעמט פּאר אינסטאלירונג זיינע נאכקאממענדע בּעאמטע. נאכהער ענטלאסט ער אונד בּעדאנקט אַללע פּאריגע בּעאמטע פּיר דעם, דיע זייא טרייא דער סאסייעטי געלייסטעט האַבּען.

15. ער בּרויכט איממער נור אונפּאַרטייאיש האנד-לען ווען ער אַלס פּארזיטצענדער איזט.

פפליכטען דעם וויס פרעזידענט.

§ 1. דער וויס פרעזידענט איזט שטעלפערטרעטער דעם פרעזידענט אין זיינער אבוועזענהייט.

§ 2. ער איזט פערפפליכטעט דעם פרעזידענט אין אללער אנגעלעגענהייט דער סאסייעטי צוא אונטער-שטיטצען, אויך איממער צוא האַנדלען אונפּארטייאיש.

§ 3. פאן רעזולטאט דעם באלאטאזש קענטניססע צוא נעממען בעפאר דיע זעלבע פאן פרעזידענט פער-קונדיגט ווערדען.

§ 4. בייא אללע פראַגען ווא דער פרעזידענט בע-טהייליגט איזט, דיע פערהאנדלונגען צוא לייסטען. דיע מינאריטעט פאן אללע קאמיטעען צוא ערנעהנען אונד בייא קאנדידאטען אויפנעממען דאס פאסיר וואָרט איבערגעבען.

§ 5. יעדען קראנקען איינמאהל וועכענטליך צוא בעזוכען אונד בייא דער נעקסטער מיטטונג צוא בעריכ-טען.

§ 6. ער איזט אויך טשערמאן דער פינאנס קאממיטע.

7. ער מוסס אויך בייא יעדער מיטינג אנוועזענד זיין אונד הען ער 3 מיטונגען דורכאַנאנדער אבוועזענד אדער פערשפעטיגט איזט, זא איזט ער פאן זיין אמט ענטלאססען.

פפליכטען דעם פראטאקאל סעקרעטער.

§ 1. דער פראטאקאל סעקרעטער מוסס איין ריכטיגעס

אונד אונפארטייאישעס פראטאקאל אללער פערהאנד-
לונגען דער סאסייעטי פיהרען אונד אללעס דייטליך
אונד גענוי פראטאקאלירען אונד פארלעזען צום נעקס-
טער מיטונג.

§ 2. בייא דער וואהל דיע נייע בעאמטע אללע שטימ-
מען איפנאטירען.

§ 3. אללע איהם איבערדייכטע שריפטען פארצולעזען.

§ 4. ער מוסס אויך איין מעמבער דער פינאנס קא-
מיטע זיין.

§ 5. אין יעדען פראטאקאל דיע איננאהמע אונד
אויסגאַבע בעמערקען.

§ 6. ער איזט אויך פערפפליכטעט אללע איפגאבען
פאן פרעזידענט פונקטליך צוא ערפוללען.

§ 7. ער בריכט אויך וויכטיגע דאָקומענטען וועלכע
דער פרעזידענט איבערייכט איהם אין ארדענונג האל-
טען, אונד ביים אויסטריט זיינער אַמט זיינעם נאכפאל-
גער איבערגעבען.

§ 8. ער איזט אויך בעאויפטראגט צוא האַלטען דעם
פראטאקאל בוך אַלס דאַס הייליגטהום פאן דער סא-
סייעטי, וועלכע קיינע אויססערליכע פערזאן האט דאס
רעכט צוא וויססען דעם מינדעסטען בעגריף וואס אין
פראטאקאל געשריבען איזט מיט איסנאהמע דעם פרע-
זידענט אדער קאָנטראלער.

§ 9. ער מוסס זיך געפינען אין מיטונג לאקאל ניט

שפעטער וויא 8 אוהר. אונד ווען ער איזט ניט אימ-
שטאַנדע איינמאַהל אַ מיטונג צוא אטטענדען מוססען
זיינע ביכער אין לאקאל זיין מיט איניגע מינוטען בע-
פאר 8 אוהר.

פפליכטען דעם פינאנס סעקרעטער.

§ 1. דער פינאנס סעקרעטער ברויכט דיע ביכער
דער סאסייעטי אונד איין נאממענספערצייכנונג אללער
מעמבערס מיט וואהונונגס אנגאבע פיהרען גענויע אד-
רעססען אללער מעמבערס.

§ 2. ער זאל איינען גענויען אונד ריכטיגען רעכנונג
צווישען דיע מעמבערס אונד סאסייעטי פיהרען בייא
יעדער מיטונג דיע איינפליעסענדע געלדער איבער נעמ-
מען אונד דעם טרעזשור געגען קוויטונגען איבערצוגע-
בען.

§ 3. אם ענדע אללער קוואַרטאל איינען גענויען
בעריכט דער ריקשטענדע דער סאסייעטי אין שטרייכ-
אבענד פארצולעזען.

§ 4. אם ענדע אללער 3 מאנאט דעם פינאנסבעריכט
אין איינען שריפטליכען בילאנץ אריינצובריגנען: איינ-
נאממען אונד אויסגאבען אונד ריקשטענדע.

§ 5. דיע קאררעספאנדענץ דער סאסייעטי צוא
בעזארגען, אללע מעמבערס צוא רעגולערע ספעציאל
אונד דשענעראל מיטונגען איינצולאדען.

§ 6. דעם זיעגעל דער סאסייעטי אין בעוואהרונג צוא נעממען.

§ 7. בייא שלוסס יעדער מיטונג דיע איננאממע אונד איסגאבען פארצולעזען.

§ 8. צוא זיין אין מיטונג לאקאל בעפאר 8 אוהר.

§ 9. ער מוסס אויך איינע ליסטע דער נאטהוועג-דענדע אדער קראנקען געמעלדעטע מעמבערס פיה-רען מיט איינגעבונג דעם טאג זייער מעלדונג.

§ 10. ער איזט אויך בעאויפטראגט פערשיעדענע קאמיטע ליסטע צוא פיהרען, צום יעדער צייט שיקען קראנקען אדער שבעה קאמיטעס נאך נעקסט.

§ 11. אונד אללע ביכער דאקומענטען אונד ווערטה-פאללע געגענשטענדע דער סאסייעטי זיינעם נאכפאל-גער אין בעסטער ארדענונג צוא איבערגעבען.

§ 12. ער איזט איין בעצאהלטער בעאמטער אונד וויפיעל זיין סאלארי בעשטעהט מוסס יעדען קווארטאל זיינע בייטרעגע בעצאהלט ווערען גלייך מיט יעדען מעמבער.

## פפליכטען דעם טרעזשורער (קאסירער)

§ 1. דער טרעזשורער מוסס איינע סוממע געלד לויט בעשלוסס דער סאסייעטי אלס סעקיוריטי ביילעגען וועןן ער אין זיינעם אמט אינסטאלירט ווערט.

§ 2. ער זאלל אללע געלדער פאן דעם פינאנס

סעקרעטער געגען קוויטונג איבערנעממען.

§ 3. אללע אונטערצייכענטע אנוויזונגען פאָן פרע-
זידענט אונד סעקרטער אויס צוא צאהלען.

§ 4. ער זאלל איינע גענויע רעכנונג איבער איינ-
נאַממען אונד אויסגאבען פיהרען. אונד דאס זעלבע
אויף דעם פערלאנג דער פינאנס קאמיטע צום אנזיכט
פאָרצובערייטען.

§ 5. ער ברויכט בייא יעדער מיטונג דער סאסייעטי
אנונעזענד זיין צור בעשטימטער צייט.

§ 6. ער ברויכט אללע קראנקע געמעלדעטע ברו-
דער אניימאַהל וועכענטליך צוא בעזוכען.

§ 7. ער זאלל נאך בעשלוסס דער סאסייעטי דאס
געלד צור טראסטיעס איבערגעבען, אום אין דער שפאר-
באנק צוא דעפאנירען.

§ 8. ער מוסס אללעס אין זיינעם בעזיטצע אייגענ-
טהום דער סאסייעטעס זיינעם נאכפאלגער אין גוטער
ארדענונג איבערגעבען.

## פפליכטען דיע טראסטיעס.

§ 1. דיע טראסטיעס זינד פערפפליכטעט אללע
אייגענטהום דער סאסייעטעס אונטער זייער אויפזיכט צוא
נעממען.

§ 2. דיע געלדער זא שנעלל ווא מעגליך צינזען
טראגענד אין דער פאן דער סאסייעטי בעשטימטע

שפאר-באנק איינצולעגען. אונד דיע באנק ביכער זא-
פארט דעם פרעזידענט צוא איבערגעבען.

§ 3. זייא זענען אויך פערפפליכטעט אויסצוהעלפען
צוא האלטען דיע רוהע אונד ארדענונג אם פלאַר ווען
נויטיהג איזט. אונד בייא יעדער מיטונג אנוועזענד זיין.

## פפליכטען דעם קאנטראלער.

§ 1. דער קאנטראלער איזט פערפפליכטעט דיע
קאנטראלע צוא פיהרען איבער אללעס אייגענטהום
אונד פינאנסען דער סאסייעטי צוא וועלכען צוועק דער
פינאנס ווא אויך דער פראטאקאל סעקרעטער פער-
פפליכטעט זינד איהם דיע ביכער צוא לייסטען אויף זיי-
נעם פערלאַנג. אונד וואס ער פיר ניכט ריכטיג פינדעט
דער סאסייעטי בייא נעקסטער מיטונג צוא בעריכטען.

§ 2. ער ברויכט אויך בייא יעדער מיטונג אנוועזענד
זיין.

## פפליכטען דעם איננערע וואכע.

§ 1. דער איננערע וואכע ברויכט וועניגסטען איין
פיערטעל שטונדע בעפאר דער ערעפנונג דער מיטונג
אין מיטונג-לאקאל אנוועזענד זיין.

§ 2. אללע בייא דיע זיטצונגען נויטהיגע געגענשטענ-
דע אין פלאטץ צוא בעזארגען.

§ 3. אונד אם שלוסס דער מיטונג אין פערוואהרונג
צוא נעהמען.

§ 4. וועהרענד דער מיטונג דיע איננערע וואכע צוא האַלטען.

§ 5. אויך דיע אויסערע וואכע צוא בעזארגען.

§ 6. ארדענונג אונד רוהע אין פאָרצימער אויפ-רעכט צוא ערהאלטען.

§ 7. ער איזט געשעפטסטרעגער צווישען דען בעאמטען אונד מעמבערס.

§ 8. מוסס אללע קאמיוניקיישאנס (צושריפטען) בעזארגען.

§ 9. פאן יעדען מעמבער דאס פאסירווארט אבנעמען.

§ 10. אללע אויסערהאלב דער מיטונג נויטליידענד אדער קראנק געמעלדעטען מעמבער דעם אונד פי-נאנס סעקרעטער אַנצייגען, אונד יעדען קראנקען איינ-מאהל וועכענטליך בעזוכען.

## פפליכטען דיע פיהרערס.

§ 1. דיע פיהרערס ווערען פאן פרעזידענט ערנענט גלייך נאך זיין אינסטאלירונג.

§ 2. זייא זינד פערפפליכטעט יעדען נייען קאנדידאט פאר דעם פרעזידענט פארצושטעלען. פרעמדע קאמי-טעס איינצופיהרען, אונד אויך ארדענונג אם פלאר צוא האלטען.

§ 3. זיי מוססען בייא יעדער מיטונג אנוועזענד זיין.

פפליכטען דער סעמעטערי קאמיטע (סעמעטערי פערוואלטערס)

§ 1. דיע סעמעטערי קאמיטע ווערען פאן פרעזי-דענט ערנענט גלייך נאך זיין אינסטאלירונג.

§ 2. דיע סעמעטערי קאמיטע בעשטעהט פאן 3 מעמבערס, 1 באס אוו סעמעטערי, 2 אסיסטענטס. זיי ברויכען איממער האבען דיע קאנטראלע אויף דער ארדענונג אונד אללער פערוואלטונג פאן דער פעראיינס סעמעטערי, אונד ביא געלעגענהייט ווען זייא קענען זיך נית פעראייניגען מוססען זייא איין ספעשעל מיטונג פאררופען.

§ 3. ווען אַ מעמבער האט נעגען איינעם אַ קלאַגע קען ער פאן זיין אמט אראפגעזעטצט ווערען.

§ 4. אללע בעאמטע דיעזער סאסייעטי מוססען אטענדען דיע מיטונגען אין צייט אונד ווען יעמאנד פעהלט אדער פערשפעטיגט 3 מיטונגען נאכאנאנדער זא ווערט ער פאן זיין אמט סוספענדירט.

## ארטיקעל 6.

### איפנאממע פאן קאנדידאטען.

§ 1. איין קאנדידאט וואס וואנשט אין דיעזער סא-סייעטי אלס מעמבער זיין, מוסס ניכט וועניגע אלס 18 אונד ניכט עלטער אלס 45 יאהר אַלט זיין מוסס אימ-שטאנדע זיין א לעבען צוא מאכען, אונד ווען ער פער-הייראטה איזט, צוא ערנעהרען זיין פאמיליע, יודישער

נאציאן געהערען, גוטען אונד-מאראלישען כאראקטער בעזיטצען. גייסטיג אונד קערפערליך געזונד זיין, ער מוסס ווענינסטעם 6 מאנאט אין לאנד זיין.

§ 2. יעדער קאנדידאט מוסס פארגעשלאגען ווערען פאן איין פעראיינס מעמבער בייא איינער מיטונג מיט איינגאבע זיינעם ערשטען אונד צווייטען נאממען עלטער אונד בעשעפטיגונג, סינגעל אדער פערהייראטה. גע-בורטס-הארט, נאממען אונד עלטער זיינער פרוי, אונד לעגט בייא זיינעם פארשלאג געלד נאך בעשלוסס דער סאסייעטי. דיעזער פארשלאג זאל פאן פראטאקאל סעקרעטער פארגעלעזען ווערען. אונד ווען קיינע איינ-וואנד געגען דעם זעלבען ערהויבען ווירד, זאל איין אונטערזוכונגס קאמיטע פאן פרעזידענט ערנענט ווערען. דיעזער קאמיטע האט זיך גענוי צוא ערקונדיגען איבער אללע פערהעלטניססע דעם קאנדידאט זאמט זיינער פאמיליע אונד צור נעקסטער מיטונג בעריכטען גונסטיג אדער אונגונסטיג.

§ 3. ווען דער קאנדידאט פאן דער קאמיטע בעזוכט איזט אונד אויך גונסטיג בעריכטעט, זא ברויכט דער-זעלבער באלאטירט ווערען. איזט דער באלאט אויך גונ-סטיג דורכגעגאנגען זאל דער זעלבער דורך איין פאסט קארד פאן פינאנס סעקרעטער אויפגעפאדערט ווערען זיך צום סאסייעטי דאקטאר זאמט זיינער פרוי איבערגעבען צוא עקזאמינירט ווערען אונד בייא דער

נעקסטער מיטונג איינגעפיהרט ווערען.

§ .4 ווען דער וויס פרעזידענט בעריכטעט דעם פרעזידענט דאס דער באלאט ענטהאלט צווייא שוואר-צע קוגלען, דאן ערקלעהרט דער פרעזידענט פאר דיע מעמבערס אז דער קאנדידאט איזט אַבגעוויזען אונד זיין פארשלאגסגעלד ווערד צוריק געגעבען. זאלכער קען ניכט פארגעשלאגען ווערען בעפאר 6 מאנאט נאכמאלס ווען אבער דרייא שווארצע קוגלען פינדעט איזט דער קאנדידאט גענצליך אבגעוויזען אויף אַ יאהר.

§ .5 קאנדידאטען וועלכע עס איזט בעשטימט גע-ווארען זייא אויפצונעממען, מוססען זיך מעלדען צום איינפיהרונג ביז דעם דריטטען מיטונג ניכט שפעטער, אונד בייא דער דריטטער מיטונג זאלל ער אויפגענא-דערט ווערען פאן סעקרעטער צוא ערשיינען אונד ווען ער ערשיינט ניט אונד גיבט ניכט אן קיינע גענוגע אור-זאכע זא פארליערט ער זיין פארשלאגסגעלד.

§ .6 קאנדידאטען וואס וואהנען 10 סענט רייזע פאן ניו יארק קענען ניכט אויפגענוממען ווערען, מיט איינאממע אלס עהרן מיטגליעד אונד מוסס צאהלען אללע טעקסעס פאן דער סאסייעטי.

§ .7 דיע איינטריטס פרייזען זינד פאלגענדע:

פארשלאגס געלד 50 סענט.

איינקונפט געלד אין עלטער ביז 35 יאהר $1.00

" פאן 35 ביז 40 " $2.00

איינקונפט פאן 40 ביז 45 יאהר $3.00
העכער פאן 45 יאהר נאך בעשטימונג דער סאסייעטי
אונד עס קען אויך צוא יעדער צייט געענדערט ווערען.

§ 8. יעדער נייער קאנדידאט ברויכט אויך אויסער
זיינע אויפנאממע פיר סעמעטערי $2 צוא בעצאהלען,
אונד $1 אינדאומענט, אונד פיר איין סאסייעטי באָטאָן
אונד ער האט דאס רעכט דאס סעמעטערי געלד אין 4
מיטונגען צוא בעצאהלען ווען ער אבער בעצאהלט ניכט,
ווירד ער אלס דאס בעטראכטעט אונד קען דאפיר גע-
שטריכען ווערען. אויך $1 אינדאומענט ברויכט ער
בעצאהלען ביז 4 מיטונגען.

§ 9. יעדער נייער קאנדידאט וואס ווירד איינגע-
פיהרט מוסס אין געגענוואַרט אללע מעמבערס זיך פער-
פפליכטען דאס ער דער סאסייעטי טרייא זיין ווירד אונד
אללע געזעטצע דער סאסייעטי נאכקאממען.

§ 10. יעדער מעמבער איזט פערפפליכטעט צוא
צאַהלען פיר דאקטאר סינגעל אדער פאמיליע.

§ 11. ווען איין מעמבער דער פאן סאסייעטי אויס-
געטרעטען האט, אדער סוספענדירט איזט וועגען ניכט
בעצאהלען אונד וויל נאכמאלס אריינקוממען ביז 6 מא-
נאט, זא מוסס ער אללע זיינע שולדען אונד ריקשטענדע
בעצאַהלען, אויך פאן דיע ברודער באַלאַטירט ווערען,
אויך ברויכט ער איין נייען דאקטאר אטעסט.

§ 12. אַ מעמבער וועלכער רייזט אב פאן ניו יאָרק

אונד בעצאהלט פיר אַ גאנץ יאהר, ווערט ער בעטראכ-
טעט אלס ניו יאָרקער מעמבער מיט דיא זעלבע רעכטע,
אין קראנקען פאלל מוסס ער צוא יעדער מיטונג צוא
שטעללען איין דאקטאר אטעסט מיט איין סערטיפיקייט
פאן נאָטארי-פובליק.

§ 13. ווען אַ מעמבער פאהרט אַב פאן ניו יאָרק
אונד ווירד זאגאר געשטראכען, ווען ער קומט צוריק
קען ער אַלס אלטער מיטגליעד אריינקוממען, נור ער
ברויכט איין דאקטאר אטעסט ברענגען.

## ארטיקעל 7.

### איינקונפטע דער סאסייעטי.

דיא איינקונפטע אין פאנד דער סאסייעטי בעשטעהן
פאן:

a פארשלאגסגעלד

b איינפיהרונגסגעלד

c בייטרעגע דאסבעשטעהענד פאן $1.50 אַ
קוואַרטאל

d רעזערוו פאנד

e שטראפפענגעלדער

f געשענקע

g פראפיט פאן בענעפיט.

§ 1. דיא מעמבערס קענען צוא יעדער צייט פער-
גרעססערן דיא בייטרעגע ווען זייא פיר נאטהווענדיג

פינדען. דיעזעס קען אבער נור אין איינער ספעשעל
אדער דזשענעראל מיטונג געשעהן.

§ 2. יעדער מעמבער איזט פערפפליכטעט ביא יע-
דער אונטערנעהמונג מיט ראטה אונד טהאט מיטצו-
העלפען, דאס יעדער אונטערנעהמונג זאל איין ערפאלג
האבען,

§ 3. צוא דיע דזשענעראל מיטונגען פאן יעדע 3 מא-
נאט זאל יעדער ברודער איין ריכטיגע בעמערקונג בע-
קוממען וויפיעל ער שולדיג איזט, איינציינענדיג איהם אז
עס איז לעצטע איינצאהלונג אונד דיע ערשטע מיטונג
נאך לעצטער איינצאהלונג זאל זיין סוספענדירונג אבענד.

§ 4. צוא דיע לעצטע מיטונגען פאן מאנאט פעב-
רואר, מאי, אוגוסט, נאוועמבער זאל אויך יעדער מעמ-
בער קריגען נאטיס אנציינענדיג איהם אללע זיינע שול-
דען געננוי, אונד אז עס איז ערשטע איינצאהלונג.

§ 5. אינפאלס איין ברודער בעצאהלט ניכט זיינע
שולדען ביא דער לעצטער איינצאהלונג, איזט עס דיע
פפליכט דעם פינאנס סעקרעטער איין רעדזשיסטריר-
טען בריעף זאמט איינע רעכנונג וויפיעל ער שולדעט
שיקען אונד ווען ער ביא דער נעקסטער מיטונג ניכט
בעצאהלט זאל ער סוספענדירט אונד פאן דער מיטגליע-
דער ליסטע געשטראכען ווערען.

§ 6. איין סוספענדירטער מעמבער קען ווידער
אויפגענוממען ווערען נאך ארטיקעל 6 פאראגראף 11

פאן דיעזע קאנסטיטושאן, ווען אבער 6 מאנאט פאר-
איבער איזט, זא ווירד דער זעלבער אלס נייער מעמבער
בעטראכטעט מיט דער אויסנאממע ווען דיע מאַיארי-
טעט פאן דער מיטונג וויללען איהם אנערקענען אלס
אלטער מיטגליעד.

§ 7. ווען איין מעמבער וועלכער רייזט אב פאן ניו
יארק אונד זיין אדרעססע איזט ניכט איינגעמאלדען זא
ווירד ער צוא שטרייכאבענד סוספענדירט מיט איין
פריווילעגיען ביז דער לעצטער איינצאהלונג פאן נעקסט-
ען קווארטאל. אונד ווען זיין אדרעססע איזט ניכט איינ-
געמאלדען אונד ער האט ניכט בעצאהלט ביז דאנן, זא
ווירד ער געזעטליך געשטראכען, אבוואהל מען שיקט
איהם קיין רעדזשיסטרירטען לעטטער ניכט.

§ 8. איין מעמבער וועלכער ענטזאגט זיך אבצונעמ-
מען דעם רעדזשיסטרירטען לעטטער אונד קומט צוריק
צום סעקרעטער, ווערט ער בעטראכטעט ווא דער אב-
רייזענדער אונד איזט אונטערוואָרפען דער זעלבער
געזעטץ אונד וועהרענד דער צייט ווערט ער אלס סוס-
פענדירטער מעמבער בעטראכטעט.

§ 9. ווען אַ מעמבער געשטראכען ווירד זא קען ער
דיע מיטונג לאקאל ניכט בעטרעטען, זאנסט ווען ער
זיינע שולדען בעצאהלט האט. דען דער געשטראכע-
נער האט דיע פריווילגיע צוא בעצאהלען דעם סעקרע-
טער ביז 48 שטונדען נאך שטרייכאבענד.

§ 10. דיע גרעסטע סוממע וואס איין מעמבער קען ריקשטענדיג בלייבען איזט בלויז 50 סענט ניכט העבער.

## ארטיקעל 8.

### רעכטע אונד געניעססע דער מעמבערס.

§ 1. ווען איין מעמבער דער ביים פינאנס סעקרע-טער קראנק געמעלדעט איזט, מוסס דער פינאנס סעק-רעטער דעם פרעזידענט אנמעלדען. אונד אויך איין קאמיטע בעשטעהענד פאן איין מעמבער דעם פעראיינס נאך נעקסט שיקען, אונד דער פרעזידענט אונד וויס פרעזידענט זינד פערפפליכטעט דעם קראנקען וועניגס-טענס איינמאהל דיע וואכע צוא בעזוכען. מיטגליעדער וועלכע וואהנען אויסער גרייטער ניו יארק זינד צוא קיינע קראנקע קאמיטע בערעכטיגט,

§ 2. ווען איין מעמבער געפעהרליך קראנק איזט, זאל מען יעדען טאַג איהם איין קאמיטע פאן 2 ברודער שיקען.

§ 3. ווען דעם פרעזידענט איין ברודער נויטהליי-דענד געמעלדעט ווירד אויסער האלב דער מיטטונג, אונד ווען דער פרעזידענט פינדעט פיר נויטהיג דעם ברודער צוא העלפען, אין אונגליקספאל אדער קראנקענפאל, איזט עס דעם פרעזידענט ערלויבט דיע סוממע פאן $5 אויספאלגען. אונד בייא דער נעקסטער מיטטונג דער סאסייעטי בעריכטען, איזט אבער קראנקען בענעפיט

ערפֿענט קען קיין קראנקער ברודער שטיצע פערלאנ-
גען אויסער קראנקען בענעפיט.

§ 4. ווען איין ברודער נויטהליידענד איזט און וויל
שטיצע פאן דער סאסייעטי מוסס ער זיך בייא דעם פֿי-
נאנס סעקרעטער מעלדען, וועלכער גלייך דעם פרעזי-
דענט בעריכטעט, אונד דער פרעזידענט לעגט עס פאָר
פיר דיע ברודער ווען דיע ברודער זינד דאפיר איהם צוא
אונטערשטיצען קען מען איהם ביז $10 אונטערשטיצען.

§ 5. ווען אבער איינע גרעססערע שטיצע נויטהווענ-
דיג איזט, זא זאל איין ספעשעל מיטטונג בערופען ווע-
רען, ווא איך איין קאמיטע אויסשיקען אום אויסצופינ-
דען אויב דער ברודער ווירקליך נויטהליידענד איזט,
אונד דאן זינד דיע ברודער בערעכטיגט איהם איינע גרעס-
סערע סוממע צוא בעשטעטיגען נאך בעשלוססע דער
סאסייעטי.

§ 6. איין מעמבער דער אין דער צייט ווען ער קראנק
געמעלדעט, פרייא אין בוך איזט, ברויכט דיע סאסייעטי
וועהרענד דיע דויער זיינער קראנקהייט פערהיטען דאס
ער זאל אין בוך ניכט בלייבען ריקשטענדיג, אונד איהם
פען דעם קראנקענבענעפיט דיע שולדען רעגעלמעסיג
אַבציהען.

§ 7. ווען איין ברודער איינמאהל שטיצע בעקאמ-
מען האט, זא איזט ער צוא קיינע אונטערשטיצונג בע-
רעכטיגט בעפאר 6 מאנאטען פאן דער ערשטער שטי-

צוּ פאראיבּער זינד, אויסער ווען דיא סאסייעטי פינדעט אוים בּייא אויסנאממספאלל.

§ 8. יעדער מעמבּער מוסס 6 מאנאטען דער סא-סייעטי אַלס מיטגליעד איינגיהערען בּעפאר ער צוא קראַנקענבּענעפיט אדערצוא שטיצע בּערעכטיגט זיין זאל ער מוסס אויך בּייא דעבּאטירונג דאס לאקאל פערלאס-סען אום דיא בּרודער זאללען זיך קענען אויסשפּרעכען אויף זיין פערלאנג צוא גינסטען דער סאסייעטי.

§ 9. דיא סאסייעטי זאל דעם קראנקען בּענעפיט ערעפּענען מיט $5.00 אַ וואך, פיר 13 וואכען אין איי-נעם יאהר, ווען דיא סוממען ניכט וועניגער פאן $300 אין דיא בּענק ערייכט איזט, איזט אבּער דאס פערמע-גען דעם פעראיינס פאן דעם קעש קאפּיטאל ארונטער-געפאללען בּיז $250 דאן מוסס דער בּענעפיט צוא גע-מאכט ווערען, איזט אבּער דיא סוממע פאן קעש קאפּי-טאל אין דיא בּענק איבּער $750 געשטיגען קען דער פּרעזידענט דיא בּרודער איינפראגען, אונד מיט בּעש-לוססע דער סאסייעטי דעם קראנקען בּענעפיט העבּערען.

§ 10. זיעבּען פאללע טאגען ווערען אַלס איינע וואַ-כע גערעכענט, אום צוא קראנקען בּענעפיט בּערעכטיגט זיין, יעדאך מוסס איין קאמיטע בּעריכטען בּייא דעם מיטטונג דאס דער בּרודערווירקליך קראנק וואהר. אונד איין גינסטיגען דאקטאר אטעסט פאן דעם פער-איינס דאקטאר, אום דער קראנקער בּרודער זאלל זיין

געזעטצליכען בענעפיט בעקוממען. ערקראנקטע ברו-
דער וועלכע וואהנען אויסער גרייטער ניו יאָרק אין יוניי-
טעד סטייטס מוססען איין דאקטאר אטעסט בעשטע-
טיגט פאן אַ נאָטאַרי פובליק דעם פינאנס סעקרעטער
צוא שיקען, אום זיין קראנקען בענעפיט צוא בעקוממען.
בייא כראנישע קראנקהייט איזט יעדער מעמבער נאך
דעם ערשטען יאהר ניכט מעהר בערעכטיגט צוא קיין
קראנקען בענעפיט בייא אונמאראלישע קראנקהייט
איזט קיין מעמבער ניט בערעכטיגט צוא קראנקען-
בענעפיט.

§ 11. צווישען דיע מיטטונגען פאן לעצטער איינ-
צאַהלונג אונד שטרייכאַבענד ווען איין ברודער אַם ריק-
שטענדע איזט מיט זיינע בייטרעגע אדער אנדערע
שולדען, אונד קראנק אדער אין נויט בעפינדעט זיך.
זא איזט דער זעלבער צוא קיינעם בענעפיט אדער שטי-
צע בערעכטיגט.

## ארטיקעל 9.

### מאדטעס פעללע.

§ 1. בייא טוידטעס פאללע איינעם ברודער דער
סאסייעטי אדער זיינער פרויא מוסס עס ערשטענס גע-
מעלדעט ווערען צום סעקרעטער, אונד ווען דער ברודער
אם בוך גוטשטעהענד איזט, זאל דער סעקרעטער עס
מעלדען דעם פרעזידענט אונד פאָסט קארדס אויסשיקען

צוא אללע מעמבערס דער סאסייעטי. זייא זאללען אנ-
טהייל נעממען בייא דער לויה. אללע ברודער זענען
פערפפליכטעט דעם פערשטארבענעם ברודער אדער
זיינער פרויא דיע לעצטע עהרע צוא טהיילען אונד צוא
דער עוויגער רוהע צוא בעגלייטען. דיע יעניגע וועלכע דיע-
זע פפליכטע ניכט נאכקאממען ווערדען אהנע גענינענ-
דע ענטשולדיגונג ווירד מיט איין דאללאר בעשטראפט.

§ 2. בייא טוידטעס פאללע איינעם ברודער דער
סאסייעטי מוסס דיע קאסטען פאן זייטענס דער סאסייעטי
געמאכט ווערדען, מוסס איינען טאדטען וואגען, צווייא
קערעדזשעס אונד אללעס נעהטיגעס וועלכעס דארף.
אבער דיע סוממע פאן $27.50 ניכט איבערשטייגען
דאס זעלבע איזט אויך בייא טוידטעס פאללע דער פרויא
איינעם ברודערס.

§ 3. בייא טוידטעס פאללע איינען קינד פאן איינעם
סאסייעטי ברודער האט דיע סאסייעטי צוא מאַכען
פאלגענדע עקספענסעס:

| | |
|---|---|
| אין עלטער ביז 18 יאהר ווען ניכט פערהייראט אונד א טאכטער אַ מיידעל זאגאר עלטער פאן 21 יאהר ווען נאר ניכט פערהייראט | $15.00 |
| אין עלטער ביז 10 יאהר | $7.50 |
| פאן איין יאהר ביז 5 | $5.00 |
| בייא איין געבורטס ביז איין יאהר | $3.00 |

אללע דיע איבען ערנענטע סוממע ווירד נור דאן אויס-

גענאַהלט פאָן דער סאסייעטי קאססע ווען דיע געשטאָר-
בענע ווערדען אויף דער סאסייעטי סעמעטערי
בעערדיגט.

§ 4. בייא טאָדטעס פאללע איינעם ברודער אדער
זיינע פרויא וועלכע פאָן איין אנדערע געזעלשאפט בע-
ערדיגט ווירד, גיבט דיע סאסייעטי 2 קערעדזשעס פיר
דער קאָמיטע דיע לייכע צוא בעגלייטען אונד צוזאַממען
טאָרען דיע עקספענסעס ניכט איבערשטייגען דיע סומ-
מע פאָן $13.50, פיר קינדער גאר ניכט. בייא מעמ-
בערס וועלכע וואהונען איסער גרייטער ניו יאָרק אונד
בעלאנגען צוא קיין אנדערע געזעלשאפט, איזט דיע סא-
סייעטי פערפפליכטעט דיע בעשטיממטע סוממע פיר
בעערדיגונגס עקספענסעס צוא בעצאַהלען, אבער ניכט
פיר בעערדיגונגס פלאטץ.

§ 5. בייא טאָדטעס פאללע איינעם ברודער דער
נאָך קיינע 6 מאנאטען דער סאסייעטי בעלאנגט, איזט
דיע סאסייעטי נור פערפפליכטעט איהם בעערדיגונגס
פלאטץ צוא געבען, אונד קיינע אנדערע עקספענסעס,
ווען אבער דיע אונטערבליעבענע זינד ניכט אומשטאנ-
דע דיע בעערדיגונגס קאסטען צוא לייסטען, בלייבט עס
צוא דער ענטשיידונג פאָן אַ ספעשעל מיטטונג. זעלבסט-
פערשטענדליך אז בייא אַ פרויא מוסס דער מאן דיע
עקספענסעס בעצאַהלען.

§ 6. איין לייכענקאמיטע בעשטעהענד אויס 8

מיטגליעדער דער סאסייעטי אונטער וועלכע: פרעזידענט
וויים פרעזידענט, אונד 6 מעמבערס דיע פאן סעקרע-
טער צוזאממענשטעללען ווירד, זאללען דיע לייכע ביז
צום גראַבען בעגלייטען. פיר דיעזער קאמיטע בעוויליגט
דיע סאסייעטי $2.00 פיר עקספענסעס.

§ 7. דער סאסייעטי איזט ניכט ערלויבט בעערדי-
גונגס פלאטץ צוא פערקויפען. ווען אבער איין סאסייע-
טי מעמבער פיר זיינעם איינפערוואנדטען איין פלאטץ
ברויכט מוסס ער בעצאהלען לויט דיע פרייז וועלכע
פאן דער סאסייעטי בעשטימט, אונד ער מוסס איינע
זיכערע גאראנטיע צוא שטעללען, דאס ביז איין יאהר
ווירד אויף דעם גראַבען איין שטיין געשטעלט ווערדען.

§ 8. ווען איין ברודער שבעה זיצטט איז דיע סאסייע-
טי פערפפליכטעט איהם $5.00 שבעה געלד צוא בע-
צאהלען ווען ער 7 טאג שבעה זיטצט אונד דער סעק-
רעטער איזט פערפפליכטעט איין קאמיטע צוא שיקען
מנחם אבל זיין יעדען טאג, דיע קאמיטע איזט פער-
פפליכטעט בייא דער נעקסטער מיטטונג צוא בעריכטען.
דיע קאמיטע מוסס איהם בעזוכען אין ארבייטס שטונ-
דען אונד צוא מעמבערס וועלכע וואהנען אויסער גריי-
טער ניו יאָרק מוסס מען אויך איין שבעה קאמיטע שי-
קען. ווען דיע קארפעיר איבערשטייגט ניט קיין 30 ס.

§ 9. ווען אַ מעמבער שטארבט קען דיע פרויא
בעלאנגען צוא דער סאסייעטי אונד צאהלען פוללע דיוס

זיא איזט פרייא פאן טעקסעס, קאמיטטעען צוא אט-
טענדען אונד מיטטונגען צוא אטטענדען. זיא איזט
אבער ניכט קיין מעמבער ווען זיא הייראט אַ צווייטען
מאן, אבער זאנסט בעלאנגט זיא מיט דער פאמיליע
גלייך ווא יעדער מעמבער אונד האט אַללע רעכטע
אונד געניעססע דער סאסייעטי.

§ 10. ווען אבער זיא וויל בעלאנגען בלויז צוא סע-
מעטערי ניט צוא קיין אנדער בענעפיט אונד פיונעראל
עקספענסעס ברויכט זיא איינצאהלען 20$ באלד ווא
זיא בעשטעטיגט איהר מעמבערשיפּ, אונד פיר איין
שטיין אַלס גאראנטיע קען זיא אויסצאהלען ביז אַ יאהר
צייט 15$, אונד עס ווירד געמאכט איין אגרימענט אונד
ביז ענדע יאהר ווען זיא בעצאהלט ניט דיע 15$ ווערט
דער אגרימענט פאן דער סאסייעטי צוריק געוויזען.

## ארטיקעל 10.

### קאפיטאל טעקס (אינדאומענט)

§ 1. בייא טוידטעס פאללע איינען מעמבער דער
סאסייעטי אדער זיינער פרויא איזט יעדער ברודער פער-
פפליכטעט איין דאללער אַלס קאפיטאל טעקס ביז 90
טאג אין דער סאסייעטי קאססע צוא בעצאהלען.

§ 2. ווירד דאס קאפיטאל טעקס ביז 90 טאג איינ-
קאסירט, זא ווירד דעם וויטווער אדער וויטווע 75 פער-
סענט פאן דיעזען געלד אויסגעצאהלט, אונד דער רעסט

ווירד אלס פיר איין שטיין צוא שטעללען פערהאלטען. ווירד אבער פאן דיע איבערבליעבענע איין שטיין געשטעלט, זא ווירד זיי איך דאס איבעריגע געלד אויסגעצאהלט.

§ 3. איין אינפערהייראטער מעמבער קען זיין קאפיטאל טעקס פערשרייבען פיר אייגענד איין פערוואנדטען. ווען אבער ער האט דאס ניכט געטהון, זא זאלל דיע סאסייעטי פיר העלפט געלד איהם איין שטיין שטעללען אונד דיע אנדערע העלפט בלייבט אייגענטהום דער סאסייעטי.

## ארטיקעל 11.

### סעמעטערי פערוואלטונג.

§ 1. דיע סעמעטערי ווירד פערוואלטעט פאן דער סאסייעטי, דורך 3 מעמבערס, 1 באס אוו סעמעטערי, אונד 2 אסיסטענטס.

§ 2. יעדער נאהממען וועלכער אויף דער גייט אדער ביהמס פאן דעם פענס איינגעשריעבען איזט, קען ניע אומגעענדערט ווערדען.

§ 3. פאללס דיע סאסייעטי איינעם נייען גייט שטעלט זא קעננען, דיע ברודער זייערע נעהמען אויף דעם נייען גייט זעטצען אהנע פאן יעמאנדען געשטערט צוא ווערען.

## ארטיקעל 12.

### ערעפנונג דיע פערזאמלונגען.

§ 1. בייא דער ערעפנונג דער מיטטונג מוסס יעדער

ברודער זיין זיטץ פערנומען אונד רוהע אין ארדע-
נונגם וועהרענד דער מיטטונג הערשען.

§ 2. יעדער ברודער וועלכער צוא שפרעכען ווינשט
מוסס אויפשטעהענדיג דאסווארט פערלאנגען.

§ 3. דער פרעזידענט קען יעדען ברודער דער אוי-
סער ארדענונג שפריכט אונטערברעכען. אונד איהם
צוא ארדענונג ברענגען. ווען ער צוא ארדענונג גערו-
פען ווירד מוז ער זיין רעדען אונטערברעכען ביז איהם
דער פרעזידענט נאכמאלס ערלויבניס גיבט צוא שפרע-
כען.

§ 4. פיר יעדע פערהאנדלונג מוז ערשטענס פאן
איין ברודער דער פארשלאג געמאכט אונד פאן איין
צווייטען אונטערשטיצט, דער פרעזידענט לעגט עס פאר
פיר דיע ברודער, אונד נאכדעם ווא דיע ברודער זיך אין
דער פראגע איסגעשפראכען האבען (קיין פאינט אויף
ארדער) ווירד זאלכער פארשלאג צום אבשטיממונג גע-
נאממען דיע מאיאריטעט פאן דיע ברודער ענטשידעט.

§ 5. צוא יעדען פארשלאג קען אויך איין אמענדע-
מענט געמאכט ווערען, אבער איין אמענדמענט צוא
איין אמענדעמענט קען נור געמאכט ווערען אויף מעהר
ניכט אויף וועניגער.

§ 6. נאך אבשטיממונג איבער איינען פארשלאג
איזט ניעמאנדען מעהר ערלויבט איבער דיע איינגעלי-
גענהייט צוא שפרעכען.

## ארטיקעל 13.

פארלאמענטארישע רולס (מיטטונג געזעטצע אונד ארדענונגס רעגעלען).

§ 1. דיע רעגעלע מיטטונגען דיעזער סאסייעטי זאל- לען זיך עפנען שפּעטיגסט 15 מינוטען נאך 8 אוהר אבענד, אונד דיע גענעראללע מיטטונגען 8 אוהר.

§ 2. ווען דיע בעאמטע אונד ברודער צוזאממען איין קוואָרום זענען ערשיענען צוא דער בעשטימטער צייט זאל דער מיטונג געזעטצליך ערעפענט ווערען.

§ 3. זאָ באלד דער פּרעזידענט דעם מיטטונג פיר געשלאססען ערקלעהרט, זאל קיינע געלדער פיר דיעזער פערזאמלונג מעהר איינגענוממען ווערען.

§ 4. יעדער אנטראג מוסס בעפאר פאן איין מיט- גליעד פארגעשלאגען זיין. אונד פאן איין צווייטען אונ- טערשטיצט ווערען אונד דער פּרעזידענט האט דיעזען פיר דיע ברודער פארצולעגען, אונד דאן קאמט ער צום פערהאנדלונג אונד בעשלוסס.

§ 5. ווען איין פארשלאג קומט פאר, זא קען קיין אנדערער פארגעבראכט ווערען. איסער דאס מען זאל דיע ערשטע פארשלאג אויף איינער בעשטימטער צייט אבשיעבען, אדער דיע דעבאטע צוא שליעססען, אדער איין קאמיטע איבער צוא געבען. אבער דיע פארשלא- גע צוא אמענדירען, דיע ערשטע 3 זאללען אהנע דע- באטען צור אַבשטיממונג געבראכט ווערען.

§ 6. ווען אבער איין אנטראג שאן אבגעשטימט

געוואָרען איזט קען ער ניכט מעהר בייא דער פערזאמ-
לונג איין בעהערגונג קאָממען, נאָר בייא דער נעקסטער
מיטטונג קען איין שריפטליכער פּראָטעסט אריין געב-
ראכט ווערען פאָן 10 ברודער, אונד דאן קען דער זעל-
בער אנטראג איבערמאלס פערהאנדעלט ווערען.

§ 7. יעדער ברודער האט דאס רעכט ניכט מעהר
אלס 3 מאהל אין יעדער דעבאטע דאס וואָרט צוא
פערלאנגען.

§ 8. זאָ לאנג איין ברודער אין שפרעכען האלט,
קען דער צווייטער דאס וואָרט ניכט בעקאָממען.

§ 9. איין רעדנער קען אונטערבראכען זיין, בלויז נור
ווען ער איססער אָרדענונג איזט, אין דיעזען פאלל האט
דער פּרעזידענט דעם רעדנער צור אָרדענונג רופען.

§ 10. איין פאָרשלאג וועלכער בעשטעהט איבער
סוממע, אָדער צייט, קען איין אמענדעמענט געמאכט
ווערען, אבער ווען דער אמענדעמענט פערגרעססערט
דיע סוממע אָדער דיע צייט, אין זאָ איין פאלל ווירד
דער אמענדעמענט בעפאָר פערהאנדעלט, אונד ווען
ער ווירד אבגעוויזען, דאן ווירד פערהאנדעלט דיע
פאָרשלאגע.

§ 11. אללע פראגען דיע וועלכע אין דיעזע קאָנסטי-
טוציאָן ניכט בעשטעמטיגט איזט זאללען דורך איינפאכע
שטיממען דער מאַיאָריטעט ענטשיעדען ווערען.

§ 12. עס דארף קיין געזעטצע פאָן דיעזע קאָנסטי-
טוציאָן זאגאר איף איין מינוט ניכט אבגעוויזען זיין.

## ארטיקעל 14.

### שטראפפען.

§ 1. ווען דער פרעזידענט אדער אירגענד וועלכער בעאמטער דרייא מאהל אונטער איין אנדער צוא דיע מיטטונגען ניכט קאמט אדער שפעט אין צייט קאמט אהנע אירגענד וועלכע ענטשולדיגונג איינצווענדען איזט פאן זיין אמט סוספענדירט.

§ 2. יעדער בעאמטער אונד אויך דיע קאמיטעען דיע ניכט אטטענדען זייערע פפליכטען אהנע גענינעגענ-דע ענטשולדיגונג זאללען מיט 50 סענט בעשטראפט ווערען.

§ 3. דיע סעקרעטערע אינטעליגען אויסער דעם נאך איינע בעזאנדערע שטראפפע פאן 25 סענט ווען זייא צור בעשטימטער צייט אדע לענגסטענס איינע האלבע שטונדע דיע ביכער אין מיטטונגס לאקאל ניכט שיקען.

§ 4. יעדער בעאמטער דער זיין זיטץ פערלאזט בע-פאר דיע מיטטונג פאן פרעזידענט געשלאססען ער-קלעהרט ווערט מיט 25 סענט בעשטראפט.

§ 5. יעדער ברודער וועלכער צוא איין קאמיטע ערוועהלט איזט אונד ברענגט ניכט זיין בעריכט צוא דער נעקסטער מיטטונג אהנע ענטשולדיגונג וויהרד מיט 25 סענט בעשטראפט.

§ 6. איין מעמבער וועלכער אינטערנעהמט צוא

מעלדען וועגען איין קראנקען ברודער פערנאכלעסיגט
עס צוא דער צייט צוא טוהן זאל מיט 50 סענט בע-
שטראפט ווערען.

§ 7. ווען איין ברודער קיין קראנקען קאמיטע אדער
שבעה קאמיטע ניכט אטענדעט ווירד ער מיט 50 סענט
בעשטראפט. דאס זעלבע איך ביי האבצייט קאמיטע.

§ 8. ווען איין ברודער צוא איין לייבענצוג ניכט ער-
שיינט ווירד ער מיט 1 דאללאר בעשטראפט. ווען דער
פרעזידענט אדער וויס פרעזידענט ניכט ערשיינען ווע-
רען זייא מיט 2 דאללאר בעשטראפט.

§ 9. ווען איין ברודער ביי דער מיטטונג צוא
ארדענונג גערופען ווירד, אונד פאלגט ניכט. דאס ערש-
טע מאהל ווירד ער בעשטראפט: ביי 2 מיטטונגען
דאס ווארט צוגענעממען. דאס צווייטע מאהל מיט
4 מיטטונגען. דאס דריטע מאהל מיט 3 מאנאט. דאס
פיערטע מאהל קען דער פרעזידענט היסען פערלאזען
דאס לאקאל. דיא אללע שטראפפען קענען זיין ווען דער
פרעזידענט 3 מאהל רופט איהם צוא ארדענונג.

§ 10. ווען איין ברודער ערלויבט זיך זעלבסט דאס
ווארט אהנע דאס בעפאר צוא פערלאנגען, ווירד איהם
אין דיעזער אנטראגע דאס ווארט ניכט ערלויבט.

§ 11. ווען איין ברודער איין רוהע שטערער ביי
דער מיטטונג קען ער בעשטראפט ווערען ביז 3 מאנאט
קיין ווארט ביי דער מיטטונג צוא האבען.

§ 12. ווען איין ברודער דעם צווייטען צור ארדענונג רופט אהנע דעם פרעזידענט ווירד איהם אין דיעזער אנטראגע דאס ווארט ניכט ערלויבט.

§ 13. ווען איין ברודער זיין וואהנונג טשענזשעט אונד צייגט ניכט אן דעם סעקרעטער ביז 14 טאג איזט דיע סאסייעטי ניכט פעראנטווארטליך ווען איהם איינע שטראפפע פאסירט דורך דעם. אדער ער ווערט דאדורך פאן דער מיטגליעדער ליסטע געשטראכען.

§ 14. ווען איין ברודער דעם צווייטען פארווירפע מאכט אין בענעפיטס אנגעלעגענהייטען ווירד ער מיט 50 סענט בעשטראפט.

§ 15. מעמבערס קענען אויך גענצליך פאן דיעזער סאסייעטי אויסגעשטויססען ווערען אדער שווער בע-שטראפט ווערען לויט דיע בעשליססע דער סאסייעטי איף פאלגענדע בעווייזע.

a) ווען עס קען בעוויזען ווערען דאס ער אונטער איין פאלשען נאממען אונד אלטער אריינגעקאממען איזט.

b) מעמבערס וועלבע פיהרען זיך איף אנמאראליש אדער איבערטרעטען זא וויט דיע לאנדעס געזעטצע אז זיא ווערען פאן איין עפענטליכען געריכט בעשטראפט פיר איין קרימינעלען פערברעכען.

c) מעמבערס דיע זיך פאלש אין נויט אדער קראנק מעלדען, אום בענעפיט אדער שטיטצע צוא ערהאלטען,

אונד דאס ווירד נאכהער איסגעפינגען, זאל ער בע-
שטראפט ווערען לויט בעשליססען דער סאסייעטי, דיזע
שטראפפע קען זיין זאגאר צוא שטרייכען, דער זעלבער
קען איך פיר קיין אמט ניכט נאמינירט ווערען.

d) איין ברודער דער הייראטעט ניכט נאך ידישען
ריטום.

e) איין ברודער וועלכער ידישט ניכט זיינע קינדער
נאך דיא ידישע געזעטצע זאלבע איסגעשטויסענע מעמ-
בערס האבען מעהר קיינע אנשפרעכע צוא דיעזער
סאסייעטי.

§ 16. איין מעמבער וועלכער אטענדעט ניכט קיין
מיטטינג 6 מאנאט נאכאנאנד זאל איהם דיא סאסייעטי
בעשטראפפען נאך איהר בעשלוסס. דיא שטראפפע
קען איך זיין ביז צוא שטרייכען.

§ 17. אללע שטראפפען וועלכע בעלאנגט פיר בע-
לידיגען בעאמטע אונד דיא ברודער בעשטראפ-
פען איהם האט דער בעלידיגטער בעאמטער דאס רעכט
דיא שטראפפע פרייא צוא לאססען.

§ 18. אללע שטראפפען געלדער ווערען אלס ביי-
טראגע בעטראכטעט, אונד דער סעקרעטער איזט פער-
פפליכטעט יעדען ברודער זיינע שטראפפען איף זיין
קאנטא צוא בעלאסטען וועלכע מוססען מיט דיא
קוואַרטאל ביטרעגע בעצאהלט ווערען.

## ארטיקעל 15.

### קלאגען פערפאהרען.

§ 1. ווען איין ברודער דעם צווייטען אין מיטטונגס-לאקאל בעליידיגט, קען דער בעליידיגטער איין שריפט-ליכע קלאגע מיט איין דופליקאט ארייגברענגען ווען דער פרעזידענט נעמט אן דיע קלאגע. ערנעהנט ער איין קאמיטע פאן 5 ביז 7 מיטגליעדער דיע קלאגע צוא אונטערזוכען. דער קלאגער ווא אויך דער אנגעקלאג-טער האט דאס רעכט 2 פאן דער קאמיטע איינמאהל צוריק צוא וויזען. אונד דער פרעזידענט מוסס אנדער ערנעהנען. ווען דער פרעזידענט וויל זאלכע קאמיטע ניכט ערנעהנען זא איזט דיע פפליכט דעם וויס פרעזי-דענטס זאלכע קאמיטע צוא בעזארגען.

§ 2. דיע קאמיטע איזט פערפפליכטעט דיע קלאגע ריכטיג צוא אונטערזוכען אונד דעם קלעגער זאמט דעם אנגעקלאגטען אויס צוא הערען. אונד בייא דער נעקס-טער מיטטונג איין בעריכט צוא ברענגען, דער בעריכט פאן דער קאמיטע זאל לויטען שולדיג אדער אונשולדיג, דער בעריכט פאן שולדיג מוסס דייטליך זאגען: ערשטען צווייטען אדער דריטטען גראד.

§ 3. פאר דעם ערשטען גראד שולדיג איז דיע שטראפפע 3 מאנאט אבגעוויזען פאן דיע מיטטונגען. צווייטען גראד שולדיג איזט דיע שטראפפע 3 מיטטונ-גען פאן מיטטונגס לאקאל אבגעוויזען. אונד פיר דריט-

מען גראד שולדיג איזט דיע שטראפפע 3 מאנאט דאס וואהט אויסקצונעמען. ער קען צוא דיע מיטטינגען קאממען אבער קיין אנטהייל אין קיין דעבאטע נעמען.

§ 4. איין מיטגליעד דער דעם פרעזידענט אדער איינעם וועלכען בעאמטען אין מיטטינג לאקאל בעליי־דיגט אונד פיר שולדיג געפינען זאל דיע שטראפפע זיין פאן 3 ביז 6 מאנאט אבגעזעצט פאן מיטטינג לאקאל.

§ 5. ווען דער אנגעקלאגטער ביא דער מיטטינג ניכט אנוועזענד איזט, זאל דער סעקרעטער איהם איין דיפליקאט שיקען. ער זאל ערשיינען ביא דער נעקס־טער מיטטינג. אונד ווען ער קומט ניט זאל דיע קלאגע פערהאנדעלט ווערען ביא דער מיטטינג.

§ 6. ווען איין ברודער געגען איין בעאמטען איין קלאגע איינריכטעט. אונד דיע קלאגע ווירד אנגענאמ־מען צום פערהאנדלען. מוסס דער בעאמטער זיין אמט ענטלאססען ביז צור ענטשיידונג דער קלאגע.

§ 7. אללע קלאגען מוססען אין 2 מאנאטען גע־ליכטעט ווערען. דאגעגען אבער געגען איין בעאמטען מוסס דורך איין מאנאט געשליכטעט ווערען.

§ 8. אללע קלאגען אדער אונצופריעדענהייטען מוססען געשליכטעט ווערען ביא דיע מיטטינגען אדער דורך איין דזשודי־פאן־דער־באסיעטיס־מיטגליעדער. ווען אבער דער קלעגער שטעלט זיך ניכט צופריעדען מיט דיע ענטשיידונגען פאן דער מיטטינג אדער פאן

דער דושורי פאן דער סאסייעטי אונד קלאגט דיע סא-
סייעטי אין לאנדס-געריכט (קאָרט) זאל זיין וועלכע עס
איז קלאגע זא לאנג ער פערקלאגט דיע סאסייעטי אין
קאָרט. זאלכער ברודער זאל הייסען איין אונגעווינשטער
ברודער אונד מען קען איהם דאפיר שטרייכען.

## ארטיקעל 16.

### געזעטצע פערענדערונג.

§ 1. קיין טהייל פאן דיעזער געזעטצע קען ווידער-
רופפען אדער געענדערט ווערען אהנע בעשטיממונג
בייא אַ גענעראל מיטטונג, אדער בייא דרייא אבגעהאל-
טענע ספעשעל מיטטונגען. מען זאל דיע ברודער דיעם
צוועק בעקאנט מאכען אונד צווייא דריטטעל זינד
נאטהווענדיג אלס מאדשאריטע דיע געזעטצע אין
ענדערונג צוא ברינגען.

## ארטיקעל 17.

### עהרען מעמבערס.

§ 1. איין עהרען מעמבער איזט ניכט בערעכטיגט
צוא קיין בענעפיט אויס דער סאסייעטי טרעזשורי.

§ 2. עהרען מעמבערס צאהלען קיינע דיוס אבער
דאקטאר אונד דיעסען אַללע אנדערע טעקסעס איזט ער
פערפפליכטעט צוא צאהלען.

§ 3. בייא טאדטעס פאלל איינעס עהרען מיטגליעד
איז דיע סאסייעטי ניכט פערפפליכטעט איהם צוא גע-

בּײַן מעהר װאָ בּעערדיגונגס פּלאַטין אונד דיע פּרױער
דאַרפֿען קײן קאַפּיטאַל טעקס ניכט צאַהלען. װײל אײן
עהרען מעמבּער דאַרף אױך קײן קאַפּיטאַל טעקס
צאַהלען.



קאָנסטיטוציאָן געשריעבּען אונד בּעאַרבּײט

פֿאָן פּרעזידענט **בּנימין ליפּצין.**





# דאס געזעטין קאמיטע.

בנימן ליפצין. טשערמאן
אברהם שפילקין
לואיס סאגאן
יחזקאל פראנקפעלד
בעריל נעמאייזער
איזדאר ליפצין
הערדי גערבער
מאקס שעבאוויטין
הוד פערילמאן

# פרינטינג קאמיטע.

בנימן ליפצין
אברהם שפילקין
אשר בערמאן
לואיס סאגאן
איזדאר וויינטרויב

# עמבלעם אונד צייכען דער סאסייעטי.






יעדער מעמבער איזט פערפפליכטעט צוא טראגען דיעזען צייכען וועלכער בעשטעהט פאן איין אנקערי מיט דעם נאמען פאן דער סאסייעטי איף זיינע קליידער. אמווייגסטענס ביא דער מיטטינג אונד ביא איין אפעיר פאן דער סאסייעטי.

אללע שריפטען, בעננערס, פרינטינגס, זיעגלען מיססען מיט דעם עמבלעם בעצייכענט זיין.

